פ. בימקאָ.

# משה דרעהקאָפֿ.

סצענישער מאָנאָלאָג.



1919 וואַרשא

פ. בימקאָ.

# משה דרעהקאָפֿ.

סצענישער מאָנאָלאָג.



װאַרשא 1919



פערזאָנען:

ברוך גרינהאָלץ.

משה דרעהקאָפּ.





# פּרו

(זיצט פ זיך, רכיעבּט זין אַ כב׳ אַ ז דע ראַפּעל ריט׳, סאָפּ.)

משה

(קומט אריין): אַ גוטען אָוועגד, ר׳ ברוך! דופּט זיך: כ׳ האָב געטראָפען, האַ?.. וואַ... ס׳איז מיר אַ וואונדער, ווי וואוינט עפּיס אַ יוד אין אַזאַ גוי׳שער גאַס?.. איך בין אָנגעקומען אַהער ממש מיט סכנות נפשות!.. געה... געה... אַ וויסטע לענג פון אַ גאַס, גרויס ווי ס׳גלות! קיין יוד זעהט מען נישט אויף דער טאָג־ליכט! און אפשר יאָ—געה דערקען עס אַזעלכען אין דער צורה: גאַלע מאָרדע! ס׳קומען מיר אַנקעגען גוים מיט אַזעלכע רציחה׳־דיגע, אויסגעפרעסענע פנים׳ער—אַז זיי וואָלטען מיך געוון אַיינגע־שלונגען מיט׳ן־קוק; איך שטעל מיר אַיין ס׳לעבען און פרעג ביי וועלכען: וואו וואוינט דאָ אַ יוד, ר׳ ברוך? קוקט מיך יענער אָן

מיט אַ פּאָר בּלויע אָנגעהאַקטע אויגען, און שטופּט מיר גליין זיין טרפה׳נע צורה מיט די שפּיציגע וואָנסעס אין פּנים אַריין—טפו זאָל עס ווערען! רק—עס שפּור׳ט... כ׳פערשטעה, אַזוי ווי דאָס בעקומט נאָר דעם ערשטען רובל שכירות, מאַכט עס תיכף מיט איהם אַ שפּאַציר איבער די שענקען, און ס׳האָט דערנאָך אַ טענה צו אונז, איהר פערשטעהט?..

### ר׳ ברוך

יאַ... יאָ...

### משה

וואָלט דאָס געטרונקען ווי אַ יוד טרינקט, אויף אַלע שבת אַ פלעשעלע, און בעזונדער אַ פלעשעלע, ווען דער פעלדשער הייסט מאַכען ועלכען קינד־ס׳איז אַ קאָמפּרעסעל אויף אַ זייטעל, און כ׳בלייבט איבער פון שפּירט עפּיס, אַנ׳ עוקץ, און... אָט דאָס הייסט געטרונקען אַ ביסעל, הא?.. אַי וועט איהר פרעגען: מה קנשמע לן? וואָס לאָזט מיך דאָ דער פּסוק הערען? וואָס האָב איך מעהר ווען איך טרינק נישט, און עשו ווייניגער—אַז ער טרינקט יאָ?... נאָר, וואָס פאַר אַ גלייכען?.. שוטים! מילא, איך האָב דאָך סיי־ווי־סיי נישט... אָבער עשו, ווען ס׳וואָלט נישט פערטרינקען—וואָלט עס דאָך יאָ געהאַט?.. אַ קלייניגקייט: וואָס מיליאָנען זיי בראָקען אַריין אין דעם?.. שמועס מיט זיי—איז דאָס אַ גאַנצער עולם הזה... מ׳שטיינס־געזאָגט, וואָס פאַר אַנ׳עולם־הזה דאָס קען שוין זיין?.. אַהיימקומען, צו־לם׳נן, אויס׳הרג׳נען, ממית׳ן כ׳ווייב מיט די קינדער, מאַכען אַ תל פון ביסעל בעביכעס... און ווען נישט, איז רעכט צו בלייבען ליגען אַ גאַנצע נאַכט אין רינשטאָק... בע־כע... אַ שען ביסעל עולם הזה, היט מיך אָב, רבונו דעלמא כולה!..

### ר׳ ברוך

זייט זשע מוחל, איהר זענט עפּ״ס אַהער בעקומען מסתמא אַנ׳ענין?...

משה

כ'ע... איהר וועט מיר מוחל זיין, וואָס כ'רעד נישט גלייך ר דער זאַך, האָט קיין פּאַראיבעל נישט — מ'וועט נאָך רעדען!.. די זאַך, פערשטעהט איהר מיך, איז אַזוי: אַזאַ יוד ווי איך, ווי איהר קוקט איהם אָן פון קאָפּ ביז צו די פיס,—זייט וויסען: האָט אַ גרויסען שלימזל!... אָבער, גאָר אַ גרויסען! און וואו ער געהט, לויפט שוין צו פריהער פאַר איהם דער שלימזל זיינער, און בעגראָבט איטליכ'עס עסק, איטליכ'עס געשעפטעל— ביין איי־ךען טיעף אין דער אדמה... און ווי שייך, איז ער, דער שלי־מזל מיינער—נישט אַריינגעקומען אַהער מיט אַ רגע צו פריהער פון פאַר מיר, נאָך איידער איך בין אַהער אַריינגעקומען?.. לכן, וויל איך טאַקי נישט רעדען פון גאָר, און זאָל ער נישט מיינען: מ'יידע וואָס איך האָב דאָ בדעה אויפצוטון?! אַז ער וועט זעהן: איך בין נישט אויסען קיין שום מסחר'ל,—וועט ער זיך געהן זיין וועג'ס, און דענסטמאָל וועלען מיר ערשט זיין זיכער צו קענען רעדען אַ וואָרט, אַז ס'שטעהט נישט קיינער דער־ביי, וואָס מאַכט קאַליע...

ר' ברוך

יאָ... יאָ...

משה

כ'ע... פרעגט זיך: ווי אַ נאָך האָב איך אַהערגעטראָגען?.. גאָר, נישט קיין שאלה... אַ יוד גיט זיך אויף אַלעם אַן עצה... אויף וואָס גיט זיך דען אַ יוד נישט קיין עצה?.. געקאָנגען אפילו צופריהער אין אַ שענע פאָר הייזער, אויפגעמאַכט אויזיסט אודאי איבער צוואַנציג טירען, מטריח געווען אַ ביסעל משרתים, יוצאי־משרתים—זאָלען זיי ס'מיר טאַקי מוחל זיין! נאָר דאָס, זעהט איהר, פערשטעהט איך שוין גאָר נישט!.. ווי האַלט דאָס, כ'בעט אַייך, אַ יוד—ביי זיך אין שטוב, אַ גוי'ע?.. מילא, אין גאַס בין איך טאַקי ביי זיי אין דער יד, אָבער ביי מיר אין שטוב—בין

איך דאָך נישט מחויב צו טהון דאָס נאַרישקייט ?.. ליידען הרפּנות ופּישות... אוי־וואַ !

ר׳ ברוך

האָט האָט איהר מיט איהר אָפּערגעהאַט ?..

משה

גאָרנישט ! זי האָט מיך ב׳קיין אופן נישט געוואָלט אַריינ־לאָזען !.. כ׳געה אודאי אַזוי אַ רעכטע שעה איבער די שטיגען, געה־אַרויף, געה־אַראָב, ווידעראַמאָל אַרויף און ווידעראַמאָל אַראָב. פערשטעהט זיך, כ׳האָב שוין מיט מזל געזעהן אַ מזחה איפּ׳ן טיר—האָב איך געמיינט: די גאַנצע וועלט איז מיין ! איז אויף מיר געקומען די רעכטע גדולה: כ׳בין שוין ביי זיך אין שטוב ? דערוויל, געהערט אַ מעשה ? אַ רשעות פון אַ גוי׳ע, ווי איך עפען שוין אויף די טיר, בנאמנות, ווען כ׳כאַפּ נישט אַרויס די נאָז באותו רגע פון טיר, פלייבט זי קוועטשען פון יענער זייט !.. דער־לאַנגט אַ שאָס... כע, כ׳ווייס גאָר נישט, וואָס זי האָט געקענט זעהן אַזעלכעס אין איהר... וואָס אַנ׳ערל׳טע קען ?

ר׳ ברוך

(שטעהט אויף)

טאַקי אַ רשעות !... (לאָזט זיך געהן)

משה

וואָס ? איהר האָט עגמת־נפש—ווערט אַ דרייער !.. איהר מיינט טאַקי ?.. ס׳לוינט זיך צו מאַכען אַ ווערען דערפון !.. וואָס ?.. איהר ווילט געהן צו איהר ?.. אויסווייזען אַ גביית עדות ?.. אַנ׳עבירה !.. אָנ׳מטר׳ן ?.. נישט כדאי !.. איך בין איהר מוחל, מוחל !.. זאָל עס דאָרט נישט קומען אויף איהר חשבון... אַ, מכח דעם פריץ מיינט איהר ?.. כ׳פערשטעה: די נשמה שטעהט אייך שוין אויפ׳ן שפּיץ־נאָז ?.. הערט: איך בין ביי איהם פאַר׳ן לעצ־טען מאָל געוועזן, זאָגט ער צו מיר: „וואָס איז ס׳געלויף ? ס׳אי

ישט צו כאַפּען מיט דער האַנד! מ׳בעקומט היינט שענערע מציאות!״ און איך בין אַוועקגעגאַנגען מיט אַנ׳אָבגעשנייצטע נאָז. אין אַ פּאָר טאָג אַרום בין איך ווייטער ביי איהם; און דרך אַגב ווער איך געוואָהר אין קיך—אַ יוד האָט דאָך אומעטום די נאָז—אַז דער פּריץ איז געווען איפ׳ן הויף... הערט איהר, מיר זאָלען זיך אַלע אויסבעטען אַ פּרנסה טובה פון נייעם יאָהר, ווי כ׳האָב געטראָפען. בנאמנות: געטראָפען! אַ יוד טרעפט ב״ה...

ר׳ ברוך

יאָ. יאָ.

משה

הערט: איך קום אַזוי היינט אַרויף אַ ביסעל צו איהם, כאַפּ מיך כלא יודע—אַ פּיש אין וואַסער; „פּריץ, ווילסט נישט קויפען, וואָס האָסטו יענעם צו פּאַרדרעהען אַ קאָפּ? וועל איך דאָס אָבטראָגען אַנ׳אַנדערען קונה... קאַרג קונים פאַראַן?״ אַ גוייִשער קאָפּ, מיינט ער טאַקי: ס׳איז קודש־קדשים!.. אויב איך טראָג מיך אודאי נישט אַרום מיט צעהן אַנדערע פּריצים אין קעשענע... נאָר וואַרט; „ווייסט דאָך—זאָג איך,—אַז איך קוק אויס עפּיס צו פעררדינען? און פון דעם וואָס דו איילסט זיך נישט, קענען דערווייל ביי מיר אַוועקגעהן פון דער וועלט אַ ווייב מיט זיבען קליינע קינדער, פאַר וועלכע איך וועל זיין עתיד ליתן דין וחשבון אחר מאה ועשרים שנה, און—אויב נישט ברידער;

ר׳ ברוך

יאָ.. יאָ..

משה

און אַזוי ווי איך רעד, קוק איהם אין מויל אַריין, זעה איך—ווי די גאַנצע צורה זיינע פערקרימט זיך, כ׳וועל אייך אַב־מאַל׳ען; ווי איינער וואָס זאָל אַראָפּשלינגען אַ לעבעדיגען ראַק,

וועלכער שפּאַרט זיך און וויל צוריק אַרויסקריכען, כּידוע, קריכט דאָך אַ ראַק אונטען־אַרומעט... און ער מאַכט צו מיר, אַרויס־נעמענדיג ס'פּאַפּיר וואו כבודו האָט איהם בעשריבען פּאָדראָבנע אַלע מטלטלים, נכסים, אַרויסלעגענדיג מיר אויפ'ן האַנד, אַחת אַחת: „צוויי וולאָג וואַלד — אמת; זיבען הונדערט מאָרג פּעלד; יאָ, פּאַרוואָס האָט מען נישט אַריינגעשריבען ס'וואַסר'ל?.. זאָג איך: „פּריץ, ס'וואַסער איז טאַקי אויך אַ מעלה... אַ דאָרף אָהן אַ וואַסער, איז ווי, להבדיל, אַ פּערד אָן אַנ'עק... עלעהיי מ'קען צושטעלען אַ מיהל... אַ קשיא אויף אַ מעשה?" גוט... רעכענט ער מיר ווייטער אויס אַ גאַנצען צעטעל שבחים: „די זיבען הונדערט מאָרג פּעלד — מעהר זאַמד ווי ערד צום זייען; ס'טויג אפילו נישט אויף קיין ריבען צו זעצען... און נאָך אַ מאָל: ס'וואַסערל — פּערשטונקען וואַסער... פיש וועלען אויס'פּגר'ן... אפילו יערים וועלען זיך נישט דערהאַלטען... פון אַ ראַק איז דאָך אָב־נערעדט"... מנע, נאַ דיר אויף מיינע שונאים'ס פּלייצעס — ראַקעס! אַ מאַכל — ראַקעס!

## ר' ברוך

### הכלל — וואָס איז געבליבען?

משה

איהר ווילט וויסען, וואָס ס'איז געבליבען? וואָס האָט געקאָנט בלייבען?.. איהר ווייסט דען פּערקויפען ס'דאָרף מיט זיבען טויזענט רובל וועניגער ווי'ס פּאַר אַ יאָהרען?.. ער רעדט — וואָס אַרט עס אייך?.. מיך אַרט עס עפּיס?.. (בערוהיגט איהם) ס'קאָסט איהם געלד — בּרויך ער רעדען! איך דערמאָן איהם אָבער גלייך: „פּריץ, און דער וואַלד?" לאָזט ער אַרויס אַ געלעכטער: „ס'איז עפּיס אַ וואַלד? בייטשען! דער גרעסטער בוים קען טויגען אויף אַ לאַטע צו לעגען אונטער אַ שינדעל־דאַך; אויף אַ קראָקווע — שוין נישט..." מילא... האָב איך איהם געוואָלט כאַפּען אויף דער וועגדקע... וואָרום, ס'האָט דאָך מיך שוין גוט געהאַט פּער־דראָסען די גאַנצע מעשה, און האָב אַלץ איהם נישט געוואוסט;

וואו אַ שטאָך צו טהון אין דער לעבער, ביז כ'גיב איהם אַ זאָג: „פריץ, אַז דו ווייסט שוין אַלץ אַזוי אויף דער האָר, ביסטו דאָך שוין, אַ פּנים, געווען אויפ'ן הויף גופא?.. אַרומגעטאַפּט ווי אַ פערד־הענדלער—ס'פערד, און ווי אַ קצב—די בהמה?...

ר' ברוך

יאָ... יאָ...

משה

נו... נו... זאָלט איך אַייך גאָר נישט אַריינמישען!.. געוואָרען אַביסעל צוקאָכט... גענומען שפּריצען מיט'ן מויל... דאָס גאַנצע טרפה'נע דם איז איהם געקומען אין צורה אַריין... אַ פּנים—אַזוי ווי אַן אָבגעקאָכטער ראַק!.. איהר האָט שוין אַמאָל געזעהן אויף אַייער לעבען אַן אָבגעקאָכטען ראַק... און כ'האָב געמיינט: ער דורס'ט מיך אויפ'ן אָרט!.. גאָר נישט, ער שלינגט מיך אַיין און שפּייט מיך אויס אויף הונדערט מייל ווייטער!.. „גוואַלד, פריץ, וואָס האָב איך דאָ קעגען דיר געזינדיגט?..” און ער: „ווי אַ יוד האָט, קען האָבען אַ חוצפה און אַ העזה!..” איהר הערט?.. אַ ממזר־בלבול!.. הכלל, ער האָט זיך אָבגעקיהלט, דער כּעס איז איהם אָבגעגאַנגען, פרעג איך איהם גאַנץ געלאַסען: „פריץ, זיי מיר מויזענט מאָל מוחל, איין גאָט ווייסט: כ'האָב אָסור נישט געמיינט דיין כבוד... נאָר—זאָג מיר דעם אמת, ביסט דאָך פאָרט נישט הי געווען גאַנצע צוויי טאָג?” „ער איז געווען—זאָגט ער—ביי אַ גרעפין”... מילא, ס'איז גלייך: אַ גראַף געהט צו אַ גרעפין... כ'פערשטעה: אַ פילגש! און באמת, ווער ווייכט זיי?.. האָט ער, ווי ער אַליין זאָגט, געזאָלט זיין ביי אַ גרעפין—פון וואַנען ווייסט ער מיר אויסצורעכענען דעם צעטעל שבחים? וואס תמצא לומר, זאָל איך וועלען זאָגען... טפו! האָט איהם אַכט־און־אַכטציג גוטע יאָהר, אַ גוי טאָר מען אויך נישט שעלטען—אויף אַזאַ פריץ איז אַלץ צו גלויבען! זעניג, מיינט איהר, ווייבער האָט דאָס? דער שטאַנגעריט זיינער האָט זיך פאַר מיר אַליין געשמירען: ער ווייסט פון זיבען! אַקעגען די זיבען טעג כו

דער וואָך, מסתמא,... און אַ כּברא — קעגען די שבעה מדורי גיהנום...

ר׳ ברוך

נו, יאָ, וואָס האָט עס אַ שייכות צום ענין?..

משה

מכּח נ׳ענין?.. יאָ, גיב איך איהם אַ פרעג: „פריץ, און די גאָספּאָדאַרסטווע?..״ ווערט ער אָנגעצונדען: „וואָס?.. די שטאַלען?.. סטאָדאָלעס?.. איך מיר בנינים!״ הכּלל, גערעדט אַהין, גערעדט אַהער,—ס׳איז מיט איהם גאָרנישט צו מאַכען... ער ריהרט זיך... אַזוי ווי אַ שטיין... און וואָס, מיינט איהר, האָב איך געטהון?.. הערט: „פריץ,—זאָג איך— ווי כ׳זעה, האָסטו קנאַפּ חשק צו קויפען, וועל איך אַריבערגעהן צו כּראַביע בראַטינסקי...״ דענסטמאָל איז איהם שיער נישט גוט געוואָרען... כ׳האָב עס גלייך דערקענט ביי איהם אונטער די אויגען... הגם, צווישען אונז זאָל מס בלייבען, עס זאָל ווייטער נישט קומען—איז די גאַנצע מעשה ניט׳ן כּראַביע נישט געשטויגען נישט געפלויגען, נאָר ווי אַזוי עמט מען אַזאַ חברה־מאַן אין חדר אַריין?.. אַז כ׳ווייס זיי זעל־ען זיך בלוט־שונאים דידאָזיגע צוויי פּריצים?..

ר׳ ברוך

און וואָס האָט איהר אויסגעפיהרט?..

משה

גאָרנישט! לעת־עתּה—דערלאַנגט האָט ער נישט! נאָר איך בין זיכער: אַז ער וועט דערלאַנגען!.. ווייל איידער איך בין נאָך אַוועקגעגאַנגען—האָט ער זיך געהאַלטען ביי ס׳זייניגע, האָב איך מיר געטראַכט: „טי מאָוו, אַ יאַ—זדראָוו״, און גענומען ב׳דרך!.. נישט אָנגעגאַנגען קיין צעהן טריט, לויפט מיר שוין נאָך דער שטאַנגערעט: „כ׳זאָל מאָרגען אַריבערקומען!..״ נו, ווי פאַרשטעהט איהר אַצינד ס׳קטורת?.. אַ, וועט איהר מיך פרעגען:

„פאַרוואָס ער האָט מיך באַלד נישט צוריק גערופען? זאָל איך זאָגען: „ער וויל זיך נעמען אויף אַ ישוב מיט'ן ווייב?" ווי זאָגט דער שטאַנגאַרעט: „ער האָט ווייבער ווי יתרו—נעמען!" נאָר ס'איז נישט קיין חלוק: דאָס, זעהט איהר, זיצט איהם איצט ווי אַ גרעט אין האַלז... כ'פערשטעה: ער וואָלט זיך ליבער געלאָזט אַרויסנעמען צוויי ציין, ווי הערען זיין נאָמען... אַצינד וועט ער געבען... כ'זאָל אַזוי בטוח זיין צו הערען שופר של משיח, ווי איך בין בטוח—ער וועט דערלעגען! און אַלץ דער אויפטהו מיט'ן כראַביע בראַטינסקי, מיין אויפטהו! אַ יוד האָט שוין, לכתחילה, אויף אלעם אַנ'אויפטהו... אָט דאָס קען אַ יוד!

— ברון

מילא, ס'איז זיך נישטאָ אַזוי מצער צו זיין... אַז מ'וועט לעבען, וועט זיין אַ רעכטער קונה אויך...

משה

יאָ!.. אַקעגען וואָס זאָג איך אייך דאָס? אַקעגען דעם, וואָס נחום מעקלער הערט אייך—נישט אויף אָנצורולען אַ מוח, און זאָגט אייך צו הרים וגבעות, עפּיס פון אַ קונה מיט מיליאָנען, זאָלט איהר וויסען: וויבאַלד ער געהט נאָר אַוועק פון אייער שטוב—מעגט איהר גלייך מאַכען די ברכה: על מצות שא־ושקר!.. ווארום, ווי לאַנג נחום מעקלער מעקעלט—האָט ער נאָך נישט אויסגעמעקעלט קיין צורת מטבע פאַר זיינע אויגען! דאָס ווייב האָט איהם שוין דריי מאָל אַרויסגעוואָרפען פון שטוב!.. אמת, אַנ'אשה, אַנ'ארורה, אַזעלכע, וואָס שלמה המלך האָט אויף איהר געזאָגט: אשה רעה מר ממות—נאָר ראָס אייגענע צוריק געשמועסט: וואָס איז זי אינגאַנצען שולדיג? ער האָט אויך, זיי זאָלען איהם לעבען און געזונד זיין,—אודא, ביין שטיק אַזוי אין גע'הרג'עריי, אין רייסעניש, און מיט דין־תורה'ס, און אַיין גאָט ווייסט ווי אַזוי! נאָר וואָס? אין רבונו של עולם'ס וועגען קען מען נישט אַריינטראַכטען... אַז ער גיט מיז מען מקבל זיין באהבה, ווארום בעסער אַלץ אַז ער גיט,־ווו ער נעהמט... כע... ר' ברוך, ווי שפּעט וועט זיין

ר׳ ברוך
(קוקט אויפ׳ן זייגער)

אָרום עלף...

משה

אר־וואַ! נאָך גאָר פריה... כ׳האָב געמיינט: אָרום חצות! כ׳ווייס נישט: אויב מיינע ווערים וועלען שוין דאָרטען ליגען אין דער היים און שווייגען... איך וואָלט נויטיג בעדאַרפען אַהיימגעהן און אַוועקלעגען ס׳בינטעל ביינער... אַנישט— וועל איך מיך מוזען אַזוי אַרומדרעהען אודאי אַ גוטע שעה אויף דער גאַס, אונטער די מויערן, ביז ס׳קליינוואַרג וועט כאַפּען אַ פּלעט... אַי מ׳קען בעקומען אַ שטיין אין קאָפּ? מאַ, אויף דעם איז מען דאָך אַ יוד! מוז מען דאָך פּיהלען טעם־גלות!

הכלל, ר׳ ברוך, געדענקט זשע, ווי מיר האַלטען אין דער וועלט! וואָרום, אומאויסגערעדט, קומט אַהער נחום מעקלער, און ס׳זאָל זיך אַזוי נישט טרעפען ווי עס טרעפט זיך יאָ,— דער שלימזול דרעהט זיך ביי איהם איבער, און ער איז מצליח? איז, לחצאין,—נישט אַנדערש; כ׳פערשטעה: דאָס איהר, ר׳ ברוך, וועט צו דעם קיין טענה נישט האָבען! און קיין דין־תורה אודאי נישט! און אייגענטליך, צו וואָס? מ׳זענען דאָך יודען! נאָר גלייכער: איהר זאָלט איהם נישט גוילבען כי־הוא־זה... מאָרגען פריה כאַפּ איך מיך אַריבער צום פריץ, און פון איהם גלייך אַהערצוצו צו אייך... האָט נישט קיין פאַראיבעל, ר׳ ברוך—באָרגט מיר דערווייל עטליכע קערבלע ...ך וואָרום,ס׳קען דאָך זיין געמאָלט, איך זאָל קומען אַהיים—זאָל נאָך חברה נישט חלום׳ן פון קיין שלאָף, און איך זאָל האָבען פערדינט אַ שטיין אין קאָפּ? (בעקומט) נו, אויב אַזוי, וועט עס זיין אַ גוטע התחל׳. פונצוריק געבען איז דאָך אָבגערעדט... איך בין בטוח: אַז, איהר וועט מיר נאָך ברוי כען דערלעגען ביז עטליכע מאות... אַ גוטע נאַכט..

ר׳ ברוך

אַ גוטע נאַכט...



# חֲבֵרַי

מאת מ. בירנבום.

הוצאת „בֵּית־סֵפֶר"

בין ספרי הלמוד למתחילים ספר זה קובע ברכה לעצמו: מצטיין הוא בכמה מעלות: פה כל תיבה וכל משפט קט מכיל בקרבו רעיון שלם, הלקוח מעולם הילדים וקרוב לחוג תפיסתו והשגתו של הילד. הספר מצטיין בהדורו החיצוני. כמעט כל הציורים הנמצאים פה הנם מעשי ידי אמנים אמתיים, המושכים את לבו של הילד ומעוררים בו רגשות שונים, דבר שמסייע לפתח את חוש ההסתכלות שבילד.

# יַלְדוּת

י. באקשט ומ. בירנבום

הוצאת „בית־ספר"

ספר למוד ומקרא אחר הספר „גַל ילדות" שנה שניה ושלישית מחדש.

הספר ילדות כבר ידוע בעולם הפדגוגי. החמר שבספר מתרקם החוטים הדקים, המאחדים ומקרבים את בית-הספר אל חיי המשפחה ואל חיי העולם ויוצרים אותם השלמות בחיי הילד שככה עורגים אליה זה כמה; חמר קל, מלבב ומלא ענין, סדר הדרגי, ציור יפה ואמנות, הנם האמצעים המנוסים, שעל ידם אתה מוצא את הדרך הישרה ללב הילד.




אַדרעסע:

פֿערלאַג א. גיטלין, וואַרשא

נאַלעווקי, נאַלעווקער קראָמען 1 №

---

Księgarnia Wydawnictwo

**E. GITLINA, Warszawa**

**Nalewki, Kramy Nalewkowskie № 1.**